פֶּערְלַאג אַ. ז. כהן.

# דֶער צֶעסַארֶעוִויטש אַלֶעקְסֵיי



פּרייז 10 קאפּ.



ווארשא, תרס"ז. [1907]

# דער
# צעסארעוויטש אלעקסיי
## (פעטער דעם גרויסענ׳ס זוהן).

נאך פראָפ׳ בריקנער, בילוי און אנדערע.

פון א. ז.



ווארשא, תרס״ז.

---

Цесаревичъ Алексѣй,

(сынъ Петра Великаго).

# I.

## פעטער דעם גרויסענס רעפארמען.

אַזוי ווי ניקאָלאַי דער ערשטער, ווילענדיג מאַכען די יודען מיט איינמאָל פאַר געבילדעטע, האָט געהייסען זיי אָבשניידען באָרד און פיאות, אונטערהאַקען די לאַנגע קאַפּאָטעס און שלעפּען יודישע קינדער מיט געוואַלד אין די שקאָלעס, אַזוי האָט פאַר איהם פעטער דער גרויסער, צוריקקומענדיג פון אויסלאַנד, געוואָלט מאַכען זיינע רוסען מיט איינמאָל פאַר אייראָפּעער. ער האָט אויך אָנגעהויבען אויף דעמזעלבען אופן און געהייסען קודם־כל רעפאָרמירען די בערד, די קליידונג און די אויסענווענינגסטע מִנְהָגִים.

די הַלְבָּשָׁה, וועלכע די רוסען האָבען דאַמאָלס געטראָגען, איז געווען געמאַכט אויף דעם שניט פון די אָריענטאַלישע קליידער און געווען נישט שען און נישט בעקוועם. זי איז געווען לאַנג און ברייט און מעהר ענליך צו פרויען־קליידער, אַזוי אַז די מענער פלעגען אָפטמאָל איבערמאַכען פאַר זיך די מלבושים פון זייערע ווייבער. די רוסען האָבען זיך אָבער פעסט געהאַלטען אָן דעם אַלטען שניט און נישט געוואָלט וויסען פון אַנדערע מינים מלבושים. די „דייטשע" קליידונג איז געווען ביי זיי טְרֵף און געשמעקט מיט אַפּיקורסות, אַזוי ווי אַקורצע קאַפּאָטע מיט אַ קאַפּעליוש'ל ביי די חסידים.

דעם 25־טען אויגוסט 1698 איז פעטער צוריקגעקומען פון זיין רייזע אין אויסלאַנד. אויפ'ן צווייטען טאָג זענען געקומען אין קייזערליכען פּאַלאַץ די גרעסטע לייט, צו ווינטשעווען איהם דאָס

גליקליכע צוריקקעהרען פון דער ווייטער רייזע. דער צאַר איז געווען אויפגערוימט, געשמועסט פריינטליך מיט די געסט און אויפגעהויבען די, וועלכע זענען לויט מנהג געפאַלען פאַר איהם צו דר׳ערד. דאַביי האָט ער גענומען אַ שעהר און איינינגע אָבגעשניטען די בערד. - באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז נישט געווען גלאַט אַזוי אַ קאַפּריז אָדער אַ משוגעת, נור דער אָנהויב פון אַרדיפה אויף די רוסישע בערד.

דערזעלבער גורל איז אויך אויסגעגאַנגען צו די רוסישע קליידער פון דעם אַלטען שניט. אויף איין מאָהלצייט, וועלכען פעטער האָט געמאַכט אין יאָהר 1699, האָט ער ביי די איינגע־לאַדענע געסט פשוט, אָהן צערעמאָניעס, אָבגעשניטען די לאַנגע אַרבעל, זאָגענדיג, אַז די אַלטמאָדישע אַרבעל שטערען צו דער אַרבייט, דאָס מען קאָן מיט זיי פערטשעפּען און אומקעהרען די כלים אויף׳ן טיש אָדער גאַר זיי איינטונקען, אין דער זופּ.

דעם 4־טען יאַנואַר איז אַרויס אַ קייזערליכער אוקאַז, אַז אַלע צינאָווניקעס און הויפלייט, סיי אין דער הויפּשטאָדט, סיי אין דער פראָווינץ, זענען מחויב צו טראָגען אויסלענדישע מלבושים, ווינטער־צייט אונגאַרישע און זומער־צייט — דייטשע. עס איז בע־שטימט געוואָרען אַ טערמין, ביז וועלכען מען האָט געמוזט איבערבייטען די מלבושים. דעם 20 אַווגוסט 1700 איז אַרויס אַ צווייטער אוקאַז, לויט וועלכען אַלע קלאַסען מענשען, אַפילו פויערן, זענען מחויב געווען צו טראָגען אונגאַרישע און דייטשע קליידער. גלייכצייטיג האָט מען אויף אַלע ראָגאַטקעס צוזאַמען מיט׳ן אוקאַז אַרויסגעהאַנגען פאָרמעס פון דעם נייעם זאָרט מלבושים. עס איז אויך פערבאָטען געוואָרען צו טראָגען רוסישע שוכוואַרג, רוסישע זאָטלען און רוסישע מעסער, און ווער עס האָט עובר געווען, האָט געמוזט צאָהלען שטראַף און אויך בע־קומען — שמיץ.

חוץ די גזרות אויף די בערד און קליידער, האָט פעטער אַרויסגעגעבען נאָך אַנדערע אוקאַזען, וואָס זייער ציעל איז גע־וועזען איבערצואַנדערשען רוסלאַנד אויף איי־ראָ־פּעישען שניט. ער האָט מתיר געווען — געגען דעם אַלטען איסור צו רויכערען

און צו שמעקען טאבאק און געמאכט דערפון איין אבצאהל פאר דער מלוכה; אנשטאט דער פריהריגער צייטרעכנונג פון בריאת העולם האט ער איינגעפיהרט די אייראפעישע צייטרעכנונג פון קריסטוס׳ס געבורט; ער האט אבגעשאפט די שטעלע פון א פאטריארך (דער גרעסטער גלח) און צוטיילט זיין ארבייט צווישען א גייסטליכען און א שטאאטס-בעאמטען און אויסערדעם איינגעפיהרט נאך פיעל אנדערע רעפארמען, אין דעם אינערליכען לעבען, ווי אין דעם סדר פון דער ממשלה.

דאס פאלק — די באיארען און דער געמיינער עולם — האבען שוין לאנג געמורמעלט אויף פעטער׳ן פאר זיין חבר׳ן זיך מיט די אויסלענדער, פון וועלכען, לויט זייער מיינונג, האט קיין גוטס נישט געקאנט ארויסקומען. די אויסלענדער האבען זיי בעטראכט פאר אפיקורסים, נישט-גלויביגע אדער גאר מכשפים, וואס מען טאר נישט שטעהן אין זייערע ד׳ אמות, און ווער שמועסט גאר האלטען זיך מיט זיי עצות און געהן אין זייערע דרכים. די נייע גזרות, וועלכע פעטער האט ארויסגעגעבען באלד נאך זיין צוריקקומען פון אויסלאנד, האבען דארום פערפולט די מאס און ארויסגערופען צווישען פאלק א שטורם פון צארן. זיי האבען איינגעזעהען אין דעם, אז פעטער וויל זיי מעביר על דת זיין און מאכען פאר דייטשען רחמנא-ליצלן. זיי האבען געשפירט, אז אין דעם יונגען צאר ארבייט איין אנגעהויער שטארקע קראפט, וועלכע וויל אלעס אלטע צעשמעטערען און צוברעכען...

פעטער איז אבער נישט געווען דער מענש, וועלכער זאל זיך לאזען אבשרעקען דורך וועלכע עס איז שטערונגען. בעשליסענדיג איינמאל ארויסצופיהרען זיין פאלק אויפ׳ן וועג פון בילדונג און פראגרעס, האט ער געארבייט מיט איין זעלטענער ענערגיע און קראפט. זיין ווילען איז געווען שטארק ווי אייזען און זיך נישט געבויגען פאר קיין שום מניעה. ארויסגעבענדיג פון איין זייט אוקאזען, וועלכע זענען געווען אנגעהויכט מיט׳ן גייסט פון מענשענליבע, האט ער פון דער אנדערער זייט אומגעבראכט און געמאטערט אהן רחמנות טויזענדער מענשען, וועלכע האבען זיך איהם געשטעלט ענטקעגען אדער ארויס-

געוויזען עטוואס אונצופֿרידענהייט מיט זיינע רעפֿארמען. האבענ-
דיג פֿאר זיך איין ציעל: צו מאכען רוסלאנד פֿאר א מעכטיגע
און אויפגעקלערטע מלוכה, מיט די אנדערע אייראפעישע מלוכות
גלייך, האט פעטער ווי א שטורטווינד אלעס אבגערוימט פֿון וועג,
וועלכער האט געפֿיהרט צו דעם הויכען ציעל.

---

דעם 27-טען יאנוואר האט פעטער געהייראטעט מיט
אייראקיא לאפוחינא. אייראקיא איז געווען א קלוגע,
אבער נישט קיין שענע פֿרוי און אויך נישט קיין גרויסע מיוחסת.
איהר ערציעהונג האט זיך נישט אונטערשיידעט פֿון דער ערציע-
הונג פֿון די אנדערע רוסישע פֿרויען אין יענער צייט. די וייבער
האבען זייער גאנץ לעבען פֿערבראכט אין די „טערעמען"
(שטיבלעך) און געווען אמת'ע שקלאפֿען ביי זייערע עלטערן און
שפעטער ביי זייערע מאנען. זייער דעה האט נישט געגאלטען
אויף א האר און זייערע געדאנקען זענען נישט געגאנגען ווייטער
פֿון דער בעל-הבטישקייט און דער קיך.
נאטירליך האט אייראקיא נישט געקאנט מיטפֿיהלען די
פלענער פֿון איהר מאן אדער גאר מיטהעלפֿען איהם אין זייער
אויספֿיהרונג. פֿערקעהרט, זייענדיג אונוויסענד און פֿינסטער,
האט זי געקוקט אויף זיינע „נייעסען" מיט דיעזעלבע אויגען ווי
די באיארען און דאס פראסטע פֿאלק. קורץ נאך דער חתונה
האט זיך פעטער אנגעהויבען צו דערווייטערען פֿון זיין ווייב.
אין דעם זענען אפֿילו שולדיג געווען פעטער'ס גוטע פֿריינד,
וועלכע האבען איהם בעקאנט געמאכט מיט שענערע און קלוגע-
רע ווייבליך ווי די צאריצא. אבער איינס פֿון די סבות פֿון דער-
ווייטערן זיך איז געווען, וואס אייראקיא האט זיך פֿיינדליך פֿער-
האלטען צו די אויסלענדער — פעטער'ס נאהנטע פֿריינד און
יועצים. עס זענען אויך ארויסגעקומען אפֿטע צאנקערייען צווי-
שען דער צאריצא'ס קרובים און די אויסלענדער. פעטער האט
זיך אנגענומען פֿאר די אויסלענדער און פֿערשיקט אדער געהרגעט
זיין ווייבס אייגענע קרובים.
נאך זייענדיג אין אויסלאנד, האט פעטער בעשלאסען

אײַנצושליסען זײַן ווײַב אין אַ קלויסטער, וועלכעס איז דאַמאָלס געווען איין אָנגענומען מיטעל אין הויף צו פּטר׳ן אַ ווײַב. מען האָט אײַנגערעדט די צאַריצאַ, זי זאָל מיט׳ן גוטען ווילען געהן אין אַ קלויסטער, נאָר זי האָט נישט געוואָלט. צוריקקומענדיג פֿון אויסלאַנד, האָט פּעטער אָבגענומען בײַם ווײַב דעם זוהן אַלעקסײַ, וועלכער איז דאַמאָלס אַלט געווען צעהנטהאַלבען יאָהר, און איבערגעגעבען איהם אונטער דער אויפזיכט פֿון זײַן שוועסטער נאַטאַליע. נאַכהער האָט ער געהייסען אַוועקפֿיהרען די צאַריצאַ אָהן אַ שום סוויטע, אין אַ פּראָסטען וואָגען, אין סוזדאַלסקי מאָנאַסטיר, וואו מען האָט זי מיט 9 חדשים שפּעטער געמאַכט פֿאַר אַ מאָנאַהיניאַ. זײַן אַכזריות געגען ווײַב האָט פּעטער געבראַכט אַזוי ווײַט, דאָס ער האָט איהר נישט מיטגעגעבען קיין שום מיטלען צום לעבען און זי האָט געמוזט בעטען הילף בײַ איהרע אייגענע.

פֿערשטויסענדיג פֿון זיך די צאַריצאַ, וועלכע איז געווען איינע פֿון די קייטעלעך, וואָס האָבען צוגעקניפּט פּעטער׳ן צום אַלטען סיסטעם, האָט זיך פּעטער באַלד גענומען צו דעם צעסאַרעוויטש — איהר זוהן.

---

II

# אַלעקסיי׳ס יוגענד און חתונה.

קרעכצענדיג אונטער דעם שווערען יאָך פֿון פּעטער, האָט דאָס פֿאָלק אַלע מאָל געווענדט זײַנע אויגען אויף׳ן צעסאַרעוויטש און געהאָפֿט אַז, בעשטייגענדיג דעם טהראָן, וועט ער פֿערגרינגערען זייער עול און אויסלעזען פֿון אַלע צרות. בעת אַלעקסײַ איז נאָך געווען אַ קינד, האָט מען שוין געשמועסט וועגען איהם, אַז ער האָט פֿײַנד די אויסלענדער ווי אַ שפּין און איז אונפֿרײַנדליך צו יענע באָיאַרען, וועלכע דיענען פּעטערן פֿאַר אַ ווערקצײַג אויסצופֿיהרען זײַנע פּלענער. ווײַל עס האָט עקזיסטירט אַ גאַנצע פּאַרטיע, וועלכע איז געווען געגען נײַעם סיסטעם, האָט מען דאַרום גערעכנט, אַז אויב עס זאָל

אויסבּרעכען אַ בּונט, זאָלען זיך די מורדים שטעלען אונטער דער פאָהן פון אַלעקסיי און בּענוצען זיך מיט זיין נאָמען צו זייער צוועק. דאַפון איז אַרויסגעקומען אַ פערבּאָרגענער האַס צווישען פּעטער און אַלעקסיי. מען האָט געוואַרט אַז אָט בּרעכט אויס צווישען זיי אַ צוזאַמענשטוס.

דער דאָזיגער ערוואַרטעטער צוזאַמענשטויס וואָלט געקאָנט אויסגעמידען ווערען, ווען פּעטער וואָלט פערשטאַנען און זיך געמיהט מגדל צו זיין זיין זוהן לויט זיין סיסטעם; ווען ער וואָלט איהם געגעבּען איין אַלגעמיינע בּילדונג און איינגעפלאַנצט ליעבּע און אַכטונג צו דער איראָפּעישער ציוויליזאַציע; ווען ער וואָלט איהם איינגעגעבּען חאָטש אַ קליינע טייל פון זיין ענערגיע און אַרבּייטספעהיגקייט.

אין אָנהייב האָט אויסגעוויזען, אַז אַלעקסיי'ס ערציהונג ווערט איבּערגעגעבּען אין גוטע הענד. פּעטער האָט געוואָלט שיקען דעם זוהן אין דרעזדען, וואו ער זאָל לערנען צוזאַמען מיט זיין פריינד לעפאָרט'ס זוהן. פון וויען האָט מען פאָרגעלעגט פּעטער'ן ער זאָל איהם שיקען בּילדען צום עסטרייכישען הויף; פון פראַנקרייך האָט מען אויך געמאַכט אַזאַ מין פאָרשלאַג, נור פון דעם אַלעם האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזען. בּלייבּענדיג אין דער היים, איז אַלעקסיי דאָך געוועזען אונטער דער השגחה פון געבּילדעטע אויסלענדער. נאָך דעם פערשיקען פון דער צאַריצאַ אין קלויסטער, האָט ער בּעקומען פאַר איין ערציהער דעם דייטש נייגעבּויער. צוליעבּ חלוקי־דעות צווישען איהם און די רוסישע הויפלייט וועגען אַנשטענדיגקייט, האָט נייגעבּויער געמוזט אָבּטרעטען פון זיין שטעלע. דער יונגער צעסאַרעוויטש האָט איינמאל צוריקגעלעגט אויסגענאָגטע בּענדליך אויף'ן טעלער. נייגעבּוי'ער האָט איהם געזאָגט, אַז עס איז נישט שען אַזוי, און די רוסען האָבּען געזאָגט דעם היפוך. דאַפון איז אַרויסגעקומען אַ סקאַנדאַל. נייגעבּויער האָט גערופען די רוסען „בּאַרבּאַרען" (ווילדע) און דאַפאַר אָבּגעזאָגט געוואָרען פון זיין שטעלע.

נאַכהער איז די השגחה איבּער אַלעקסיי'ס ערציהונג איבּערגעגעבּען געוואָרען פּעטערס ליעבּלינג — מענשיקאָוו

און זיין ערציהער איז געוואָרען באַראָן היוּאיסען — איין אויסלענדער. מענשיקאָוו האָט דעם צעסאַרעוויטש זעהר שלעכט בעהאַנדעלט און איינמאָל געשענקט אַ קלאַפּ. פּעטער האָט געהאַלטען מיט מענשיקאָוו׳ן געגען זיין זוהן, און דאַדורך איז די שנאה צווישען איהם און אַלעקסיי פערשאַרפט געוואָרען.

קורץ נאָכהער האָט באַראָן היוּאיסען געמוזט פערלאָזען זיין שטעלע און אַוועקפאָהרען אין אַ דיפּלאָמאַטישען עסק. אַלעקסיי׳ס לערנען איז געוואָרען איבערגעריסען אין רעכטען מיטען, אין דער בעסטער צייט פון יוגענד, ווען דאָס קינדישע האַרץ איז נאָך ווייך ווי אַ טייג און מען קאָן עס קנעטען אין וואָס פאַר אַ פאָרם מען וויל. דאַצו איז אַלעקסיי אונטערגעפאַלען העם איינפלוס פון דער אַלטמאָדישער פּאַרטיע, וועלכע האָט זיך געסטאַרעט איהם אַריינצונעהמען אין דער חברה. זיי האָבען נישט געוואוסט קיין אַנדער פערגעניגען ווי הוליען און שכור׳ען און נעבען זיי האָט זיך אַלעקסיי איינגעוועהנט פון דער יוגענד צו דער כוסה.

מען קאָן נישט זאָגען, אַז אַלעקסיי איז געווען נישט פעהיג; ער האָט פערשטאַנען גאַנץ גוט דעם נוצען פון בילדונג און אָפט זיך פערנומען מיט לייענען ביכער. ער האָט אָבער געלייענט בלויז ביכער פון רעליגיעזען אינהאַלט. אַלעקסיי האָט געלערנט מיט איין אַנדער צוועק ווי זיין פאָטער, און דאַרום זענען די פּרעדמעטען, וועלכע זיי האָבען געלערנט, געווען נישט גלייך. פּעטער האָט געאַרבייט מיט אַלע קרעפטען צו מאַכען רוסלאַנד פאַר אַ שטאַרק געבילדעט לאַנד, און דאַרום האָט ער געשטודירט מאַטעמאַטיק, צייכנונג, בויקונסט אין אַנדערע חכמות, וועלכע זענען איהם נויטיג געווען צו דעם צוועק; אַלעקסיי האָט אָבער געשטרעבט צו אַ שטיל און רוהיג לעבען אָהן טאַראַראַמען און קאָפּדרעהעניש און דאַרום זיך אַריינגעלאָזען אין הימעל־זאַכען און אין טהעאָלאָגישע פּשטליך. דער זוהן האָט געהערט נאָך זיין נאַטור צום אַלטען אָבגעלעבטען דור און דער פאָטער צום יונגען; נאָך מעהר, דער פאָטער איז פאַרגאַנגען דעם יונגען דור פאָראויס און געלאָזט איהם אַשטיק הינטער זיך.

פּעטער איז געווען אַ ברען, אַ פֿלאַם-פֿײַער און געשטרעבט פֿאַר-
ווערטס אָהן אויפֿהער, בעת זײַן זוהן איז געווען פֿויל, אָבגעלאָזען
און זיך געקוויקט מיט פּוסטע מעשיות און ספּורי נפלאות.

פּעטער האָט תמיד געהאַלטען דעם זוהן אין דער מורא.
דאַרורך האָט זיך אַלעקסײַ צוגעוועהנט צו בעהאַלטען זײַנע
געדאַנקען טיעף אין האַרצען, צו רעדען און צו שרײַבען צו זײַנע
גוטע פֿרײַנד אויף'ן וואונק, כדי אַנדערע זאָלען עס נישט פֿער-
שטעהן. אויף דעמזעלבען אופן האָט ער געשריבען צו זײַן
בעסטען גוטען פֿרײַנד, זײַן דוחאָווניק (גלח) י ע ק ב א י ג נ אַ-
ט י ע װ, מיט וועלכען ער איז געווען אין שטענדיגער קאָרעס-
פּאָנדענץ. אין די דאָזיגע בריעף האָט ער אויסגעגאָסען זײַן שווער
ביטער האַרץ און געזידעלט זײַן פֿאָטער, זײַן פֿאָטער'ס צווייטע ווײַב
יעקאַטערינאַ און מענשיקאָוו, אַלעס אין רמזים און פֿערשטעלטע
ווערטער. פֿון די דאָזיגע בריעף זעהט מען אַרויס, אז אַלעקסײַ'ס
גאַנצע התנגדות געגען פֿאָטער איז בעשטאַנען בלויז אין ביטערע
ווערטער אָדער אין פֿערביסענע עקשנות, צו טהון דעם פֿאָטער
צו להכעיס; מעהר האָט אַלעקסײַ מיט זײַן שוואַכען כאַראַקטער
נישט געוואָלט און נישט געווען פֿעהיג צו טהון.

אין יאָהר 1711 האָט פּעטער אויסגעזוכט אַ כלה פֿאַר'ן זוהן,
די פּרינצעסין ש אַ ר ל אָ ט ע כ ר י ס ט י נ ע ס אָ פֿ י ע פֿ אָ ן
ב ר אַ ו נ ש ו ו ײַ ג-וו אָ ל פֿ ע נ ב י ט ע ל, די טאָכטער פֿון הער-
צאָג לודוויג רודאָלף פֿאָן בלאַנקענבערג. דאַבײַ האָט פּעטער ווי
געוועהנטליך נישט געפֿרעגט קיין דעה בײַ דעם זוהן; ער האָט
מיט איהם געטהון אַ שידוך לויט זײַן גראַד און ווי עס האָט
געפּאַסט צו זײַנע עסקים, און גענוג. אַלעקסײַ האָט ווידער
אויך נישט געזאָגט קיין דעה; ער האָט נור פֿערלאַנגט, אַז די
כלה זאָל אָננעהמען פֿאַר דער חתונה דעם פּראַוואָסלאַווען
גלויבען; אָבער דאָס האָט ער נישט אויסגעפֿיהרט.

די חתונה איז געווען אין ט ו ר ג ו י דעם 14-טען אָקטאָבער
1711, און פֿון דאָרט איז דאָס יונגע פּאָאַר באַלד אַוועקגעפֿאָהרען
קיין זאַקסלאַנד איבער וואָלפֿענביטעל. די קורצע צײַט, וועלכע די
פּרינצעסין האָט פֿערבראַכט אין דער היים פֿאַר'ן אַוועקפֿאָהרען

קיין רוסלאנד, זענען געווען די לעצטע פרעהליכע שטונדען אין איהר לעבען. פון דאמאלס הויבען זיך אן איהרע צרות, וועלכע האבען זיך געענדיגט נור מיט איהר לעבען צוזאמען. איהר גאנץ לעבען איז זי געבליבען פרעמד דעם מאן און נישט געהאט אויף איהם דעם מינדעסטען איינפלוס. עס האט איהר גאנץ ווענינ געהאלפען, וואס פעטער איז איהר געווען צוגעטהון; אדרבה, דאס איז געווען דער גרעסטער חסרון ביי איהר מאן אין די אויגען: ווייל דער פאטער האט זי ליעב געהאט, האט ער זי בעהאנדעלט מיט דעם גרעסטען אומכבוד. ער האט זיך גענומען פאר א געליעבטע א פינישע מויד יעפראסיניא, מיט וועלכער ער האט געוואהנט אין רעכטען פליגעל פון זיין פאלאץ; זיין ווייב האט ער אבגעגעבען דעם לינקען פליגעל. ער האט אויס־געוויכט צו זעהען זיך מיט איהר, און ווען עס איז איהם אוים־געקומען צו זיין מיט איהר אין געזעלשאפט, האט ער נישט גערעדט מיט איהר איין ווארט. אבער עס איז מעגליך, אז די דאזיגע גלייכגילטיגקייט און אויסוויכען איז געווען פאר דער אומגליקליכער פרינצעסין פיעל בעסער ווי דאס צוזאמענקומען זיך מיט דעם גראבען און רויען מענשען, וועלכער האט זי בעהאנדעלט ווי א שקלאפין און געשענקט אמאל א קלאפ.

---

III.

# די פרינצעסין פון וואלפענביטעל.

וועגען דעם וויטערען שיקזאל פון דער פרינצעסין דער־צעהלט מען פערשידענע וואונדערליכע זאכען, וועלכע זענען אבער נישט מסכים מיט'ן אמת. פיעלע געשיכטען־און ראמאנען־שרייבער אין 17־טען יאהר הונדערט און אויך שפעטער האבען בענוצט דער פרינצעסין'ס לעבענסגעשיכטע אלס שטאף צו זייערע ווערק און אויסגעטראכט וועגען איהר מעשיות וואס זענען נישט געשטויגען און נישט געפלויגען.

די געשיכטע, וועלכע ווערט פערברייטעט וועגען דער

פּרינצעסין פון וואָלפענביטעל אין 17-טען יאָהרהונדערט און פון דאַמאָלס אָן בענוצט פון די מעמוארען-און ראָמאַנען-שרייבער, איז פאָלגענדע :

די הייראַטה פון דער פּרינצעסין מיט דעם צעסאַרעוויטש אַלעקסיי איז געווען איין אומגליקליכע. ער האָט זי נישט ליעב געהאַט און זעהר שלעכט בעהאַנדעלט. ער האָט אויך געפּרובט זי מעהרערע מאָל פערגיפטען, נור זי איז נצול געוואָרען פון טוידט דורך געגענ-גיפט. צולעצט האָט ער זי אין דעם נייַנטען מאָנאַט פון שוואַנגערשאַפט געגעבען אַזאַ שטאַרקען שטויס מיט'ן פוס, דאָס זי איז געפאַלען אין חלשות און בעקומען אַ בלוט-שטורץ. דער צאַר איז דאַמאָלס געוועזען אויף דער רייזע. צוליעב דעם צופאַל האָט די פּרינצעסין געבוירען פאַר דער צייט אַ טוירט קינד. בשעת דעם קימפּעט איז געזעסען בייַ איהר די גרעפין קעניגסמאַרק. צוזעהענדיג דעם צער פון דער פּרינצעסין, האָט די גרעפין געזוכט אַ מיטעל ווי צו ראַטעווען זי פון דעם אונמענשליכען מאַן. אונטערקויפענדיג די דינערשאַפט און אָנזאָגענדיג דעם צעסאַרעוויטש, אז זיין ווייַב און קינד זענען טוידט, האָט זי די פּרינצעסין אַוועקגעשאַפט שטילערהייד פון הויף און אַרייַנגעלעגט אין טרונע אַ שטיק האָלץ, וועלכען מען האָט בעגראָבען מיט גרוים פּאַראַד.

די פּרינצעסין איז געלעגען בעהאַלטען אַזוי לאַנג, ביז זי איז ווידער געקומען צו די קרעפטען און געוואָרען פעליג געזונד, און מיט הילף פון דער גרעפין איז זי אַוועקגעפאָהרען, פערקליידעט אַלס בירגער-פרוי, מיט איין אַלטען דינער, וועלכער האָט זיך אויסגעגעבען פאַר איהר פאָטער — קיין פּאַריז, זי האָט נישט געוואָלט זוכען קיין שוץ בייַ דעם צאַר אָדער צוריקקעהרען צו די עלטערן און שפּיעלען ווידער אַ פּאָרנעהמע ראָלע; זי האָט זיך מִיאש געווען פון לעבען און ליעבער געוואָלט פערשווינדען פון דער גרויסער וועלט און לעבען שטיל, רוהיג אונטער אַ פרעמדען נאָמען. אין פּאַריז האָט די פּרינצעסין נישט לאַנג געוויילט; צוזאַמען מיט איהר אַלטען דינער איז זי אַוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקאַ און זיך בעזעצט אין לואיזיאַנאַ.

די שיינקייט און גוטסקייט פון דער פרינצעסין איז דארט יעדערן אויפגעפאלען, און איין אפיצער מיט'ן נאמען ד'אבאן, וועלכער איז אמאל געוועזן אין רוסלאנד, האט דערקענט אין איהר די גראספירסטין, הגם עס איז איהם געוועזן שווער צו גלויבען, אז זי זאל זיך געפינען אין אזא מעמד אין דעם פערווארפענעם ווינקעל. כדי צו דערוויסען זיך די זאך אויף קלאר, האט ער זיך בעקענט מיט איהר דינער און ביסלעכוויים געווארען מיט איהם אזוי גוט-פריינד, דאס זיי האבען געוואהנט צוזאמען אין איין וואהנונג. אין א צייט ארום האט מען זיך דערוואוסט פון די צייטונגען, אז דער צעסארעוויטש איז געשטארבען. דאן האט ד'אבאן מגלה געוועזן דער פרינצעסין, אז ער קען זי און איז גרייט אלעס צו טהון, כדי צוריק צו פיהרען זי קיין רוסלאנד. די אלמנה פון צעסארעוויטש האט אבער נישט געוואלט הערען דאפון; זי האט זיך געפיהלט גליקליכער איצטער אין דער פערבארגענהייט ווי אמאל אין דער נאהנטקייט פון דעם טראן. זי האט פערלאנגט פון ד'אבאן, אז ער זאל האלטען אלעס בסוד, אויב ער וויל זיי זאלען ווייטער בלייבען גוטע פריינד. ער האט עס איהר צוגעזאגט און געהאלטען ווארט. אבער דער וועג פון פריינדשאפט ביז ליעבע איז זעהר קורץ ביי צוויי יונגע מענשען, און זיי זענען טאקי באלד געקומען אויף דעם וועג. די פריינדשאפט האט זיך פערוואנדעלט אין ליעבע, וועלכע די שיינקייט און די איידעלקייט פון דער פרינצעסין האבען געשטייגערט אויפ'ן העכסטען גראד. ד'אבאן איז אויך געוועזן יונג און ליעבענסווירדיג, און זיי זענען זיך געווארען איינער דעם אנדערען אלץ ליעבער און טייערער. צולעצט האט די פרינצעסין איינגעוויליגט צו געבען איהר האנד ד'אבאן'ען. אין ערשטען יאהר נאך דער חתונה האט זי געבוירען א טאכטער, וועלכע זי האט אליין געשטילט און געלערנט.

אזוי האבען זיי געלעבט 10 יאהר דורכאנאנד אין יענעם גליקליכען צושטאנד, ווען די ליעבע צווישען מאן און ווייב מאכט פערגעסען דעם גלאנץ פון דער גרויסער וועלט. דאן איז דער מאן קראנק געווארען, געדארפט האבען איין אפעראציע און די

צערטליבע פרוי האט בעשלאסען איהם צו פיהרען צו דעם צוועק קיין פאריז. אין פאריז האט די פרינצעסין גערופען צום מאן דעם בעסטען חירורג און אויפגעקלערט די כחות ער זאל ווערען געזונד. קומענדיג צו זיך, האט ד'אבאן אנגעהויבען זוכען א שטעלע.

בעת ד'אבאן איז געווען פערנומען מיט זוכען א שטעלע, איז זיין פרוי איינמאל געגאנגען שפאצירען מיט דער טאכטער אין דעם קעניגליכען טיולערי-גארטען. עס איז געראדע פערביי-געגאנגען דער מארשאל פון זאכסען, און, הערענדיג ווי די פרינצעסין רעדט דייטש מיט דער טאכטער, האט ער זיך אבגעשטעלט און גענומען בעטראכטען די שפרעכענדע. די פרינצעסין האט איהם אין אנפאנג אנגעקוקט, נור ווי זי האט דער-קענט אין איהם דעם מארשאל, האט זי אזוי געשווינד אוועק-געחאפט פון איהם די אויגען, דאס ער האט אויסגעשריען: „ווי, מאדאם, איז עס מעגליך?" זי האט איהם נישט געלאזט ווייטער רעדען, נור, אברופענדיג אין א זייט, האט זי איהם דערצעהלט, וואס מיט איהר האט פאסירט און וואס פאר א טובות די גרעפין קעניגסמארק, זיין מוטער, האט מיט איהר געטהון. זי האט איהם אויך בעשווארען, אז ער זאל גאר נישט דערצעהלען וועגען איהר דעם קעניג. ער האט איהר עס צוגעזאגט און זי בעזוכט פון צייט צו צייט.

איינמאל, קומענדיג צו זיי, איז דער מא־שאל געוואה־ געווא־ען, אז זיי זענען אוועקגעפאהרען פאר עטליכע טעג אויפ'ן אינזעל בורבאן, וואו ד'אבאן האט בעקומען אקאזיאנע שטעלע. ער איז אוועק באלד צום קעניג און איהם דערצעהלט די גאנצע מעשה. דער קעניג האט גלייך בעפוילען דעם גובער-נאטאר פון אינזעל, אז ער זאל גוט בעהאנדלען ד'אבאנ'ען. צו-גלייך האט דער קעניג געשריבען וועגען דעם דער קעניגין מאריא טהערעזיא פון אונגארן, וואס די פרינצעסין האט איהר אנגעקעהרט א מוהמע. די קעניגין האט געשריבען א בריעף דער פרינצעסין און זי איינגעלאדען, זי זאל קומען צו איהר, נור מיט דעם בעדונג, אז זי זאל זיך שיידען מיט'ן מאן און דער

מאָכטער, וועלכער דער קעניג וועט שוין אַליין פֿערזאָרגען. די פרינצעסין האָט נישט מסכים געוועזען אויף די דאָזיגע תנאים און געבליבען צוזאַמען מיט איהר מאַן ביז זי איז געשטאָרבען.

וויפיעל עס איז פֿאַרהאַן אמת אין דער דאָזיגער ראָמאַנטי־שער מעשה און וויפיעל פֿאַנטאַזיע, וועלען מיר זעהען פֿון דער ווייטערדיגער ערצעהלונג, וועלכע איז געגרינדעט אויף היסטאָרי־שע דאָקומענטען:

IV.

# דער פירוד צווישען פעטער און אלעקסיי.

די ערשטע צייט נאָך דער חתונה האָט דאָס יונגע פּאָאַר געלעבט גאָר נישקשה; אָבער באַלד האָט זיך די אהבה צווישען זיי אָבגעקיהלט. אַלעקסיי האָט אָנגעהויבען שיכּור'ן און שלעכט בעהאַנדלען די פרוי. צוליעב אַ קראַנקהייט האָט ער געמוזט אַוועקפאָהרען אויף קוראַציע קיין אויסלאַנד, און די פרינצעסין איז געוואָהר געוואָרען וועגען זיין רייזע די לעצטע מינוט, בשעת אַלעקסיי איז שוין געזעסען אויף דער קאַרעטע גרייט צום פאָהרען. ווײַלענדיג אַ האַלב יאָהר און אויסלאַנד, האָט אַלעקסיי קיין איינ־מאָל נישט געשריבען דער פרוי. דאַמאָלס האָט ער גענומען צו זיך זיין געליבטע יעפֿראָסינע. דאָס שיכּור'ן האָט נישט אויפֿ־געהערט, און דורך די הוליאַנקעס און אויסגעלאַסענהייטען איז אַלעקסיי אין גאַנצען אַראָב פֿון געזונד.

איין אויסלענדער, וועלכער איז געוועזען קלאָר אין די בע־ציעהונגען צווישען מאַן און ווייב, דערצעהלט, אַז ווען נישט וואָס דער צאַרעוויטש האָט געוואָלט האָבען אַ יורש צוליעב זיין איינענעם נוצען, וואָלט ער זיך קיינמאָל נישט צוזאַמענגעקומען מיט'ן ווייב. דעם 12־טען אָקטאָבער 1715 איז ביי דער צאַרעוונאַ געבוירען געוואָרען אַ זוהן, דער צוקינפטיגער אימפּע־ראַטאָר פ עט ער II, און ביי נאַכט דעם 22־טען אָקטאָבער איז זי געשטאָרבען. אויף דעם אַנדער'ן טאָג נאָך איהר קבורה איז אויך

בייַ יעֶקאַטעֶרינאַ, פּעֶטעֶרס ווייַב, געֶבּוירעֶן געֶוואָרעֶן אַ זוהן.
דעֶר פּירוד צווישעֶן פּעֶטעֶר און דעֶם זוהן האָט זיך געֶשטאַרקט,
און דעֶר ענין האָט געֶדאַרפט נעֶהמעֶן אַ סוף.

ווען דעֶר צאַר האָט אַמאָל פֿעֶרגעֶבּעֶן דעֶם זוהן איין
אַרבּייַט, האָט עֶר זיך געֶסטאַרעֶט אויסדרעֶהעֶן פֿון איהר. בּעֶת
פּעֶטעֶר האָט איהם ווענעֶ-צייַט געֶוואָלט עֶקזאַמעֶנירעֶן פֿון
צייכנעֶן, האָט עֶר זיך בּביוון דורכגעֶשאָסעֶן די האַנד כּדי פּטור
צו ווערעֶן פֿון עֶקזאַמעֶן; עֶר פֿלעֶגט אָפטמאָל אויך אייַננעֶהמעֶן
אַ מיטעֶל, כּדי קראַנק צו ווערעֶן און פֿאַרשפּאָרעֶן אַרבּייַטעֶן, אַזוי
איז איהם מְאוס וְנִמאָס געֶוועֶן יעֶדעֶ אַרבּייַט. אויף דעֶר סלעֶד-
סטוועֶ, וועֶלכעֶ איז געֶמאַכט געֶוואָרעֶן שפּעֶטעֶר וועֶגעֶן איהם,
האָט עֶר אַליין מוֹדֶה געֶוועֶן, אַז יעֶדעֶר בּעֶפֿעֶהל פֿון זייַן פֿאָטעֶר
האָט דעֶרוועֶקט אין איהם אַ געֶפֿיהל פֿון שִׂנְאָה; עֶר איז געֶוועֶן
געֶרן זייַן פּנים נישט אָנצוקוקעֶן.

אַלעֶקסיי איז געֶוועֶן איבּעֶרצייַגט, אַז פּעֶטעֶר וועֶט אין
גיכעֶן שטאַרבּעֶן. מען האָט איהם געֶזאָגט, אַז דעֶר צאַר לייַדט
אויף חולי-נופל, אַ קראַנקהייַט, בּייַ וועֶלכעֶר מען קאָן נישט לאַנג
לעֶבּעֶן. עֶר האָט דאַרום קיין זאַך נישט פֿאָרגעֶנומעֶן און רוהיג
געֶוואַרט אויף פּעֶטעֶרס טוידט.

פּעֶטעֶר וויעדעֶר איז געֶוועֶן דעֶר היפּוך פֿון אַלעֶקסיי'עֶן;
עֶר איז נישט געֶוואָהנט געֶוועֶן צו וואַרטעֶן, אַז עֶס זאָל זיך אַליין
אָבּטהון, פֿעֶרלאָזעֶנדיג זיך אויף דעֶם בּלינדעֶן צופֿאַל. אַזוי ווי
אין אַלעֶם אַזוי אויך אויף דעֶם צופֿאַל פֿון זייַן טוידט האָט פּעֶטעֶר
געֶוואָלט אַלעֶס פֿריהעֶר בּעֶוואָרעֶנעֶן. נאָך אַלס אַלעֶקסיי איז אַלט
געֶוועֶן פֿירצעֶהן יאָהר האָט איהם פּעֶטעֶר געֶסטראַשעֶט, אַז, אויבּ
עֶר וועֶט זיך נישט אויפֿפֿיהרעֶן ווי געֶהעֶריג, וועֶט עֶר איהם נישט
אַנעֶרקעֶנעֶן פֿאַר אַ זוהן. פֿון פּעֶטעֶרס אַ בּריעֶף צו אַלעֶקסיי'עֶן
זעֶהעֶן מיר, אַז דעֶר צאַר פֿלעֶגט איהם אָפט מאַכעֶן פֿאָרווירפֿעֶ,
זאָגאַר געֶשלאָגעֶן און לאַנג נישט אויסגעֶרעֶדט מיט איהם
אַ וואָרט.

אין דעֶם טאָג פֿון שאַרלאָטעֶס לְוָיָה האָט פּעֶטעֶר איבּעֶר-
געֶגעֶבּעֶן אַלעֶקסיי'עֶן אַ בּריעֶף, וועֶלכעֶר עֶנטהאַלט איין אַרט

אולטימאַטום (לעצטע התראה). דער צאַר האַלט דעם זוהן פֿאַר אונפֿעהיג צו פֿיהרען אַמאָל אַ מלוכה, ווייל ער האָט נישט געלערנט און וויל נישט לערנען וואָס עס איז נויטיג פֿאַר אַ צוקונפֿטיגען קיסר. דאַרום איז ער איהם נאָך אַמאָל מתרה, אַז ער זאָל בעסער ווערען, און אויב נישט וועט ער איהם צונעהמען דאָס רעכט צו זיין אַ נאַסליעדניק (יורש־עצר). דער צאַר ענדיגט דעם בריעף מיט די ווערטער: ער זאָל נישט רעכנען דאַרויף, וואָס ער איז זיין איינציגער זוהן, „דען עס איז בעסער אַ פֿרעמדער אַ גוטער, איידער איין איינגענער אַ שלעכטער".

אַלעקסיי'ס פֿריינד און יועצים האָבען איהם געראַטהען, אַז כּדי דער פֿאָטער זאָל נישט האָבען קיין סבה זיך צו איהם צוצעפּען, זאָל ער זיך מיט'ן גוטען ווילען אָבזאָגען פֿון דעם רעכט צו זיין נאַסליעדניק; זיי האָבען איהם דאַביי מרמז געווען, אַז שפּעטער ביי אַ בעסערע געלעגענהייט, וועט ער קענען ווידער אַרויסטרעטען מיט זיין רעכט. אַלעקסיי האָט אָנגעשריבען אַ בריעף צום פֿאָטער, אין וועלכען ער איז מודיע, אַז ער האָט בעשלאָסען זיך אָבצוזאָגען פֿון רעכט צו טראָגען די רוסישע קרוין, ווייל אַזאַ פֿוילער מענש ווי ער איז, איז נישט פֿעהיג צו רעגירען. ער האָט אָנגעוויזען אויף זיין נייגעבוירענעם ברודער און געוואונשען איהם געזונד און לאַנג לעבען.

דעם 19־טען יאַנואַר 1716 האָט פּעטער אָנגעשריבען אַ צווייטען נאָך אַ שטרענגערען בריעף צום זוהן. ער גלויבט נישט, אַז אַלעקסיי מיינט עס ערנסט דאַמיט וואָס ער שרייבט, ווייל ער בעווייזט נישט קיין שום סימן פֿון חרטה אויף זיין ביזהעריגער אויפֿפֿיהרונג. חוץ דעם — רעכענט ער — אַז זיין פּעקיל לייט וועלען איהם באַלד אָנסטרויען אַנדערש. אַלעקסיי מוז דאַרום אויסקלויבען איינס פֿון די ביידע: אָדער זיך בעסערען אָדער ווערען אַ מענך (מאָנאַך) און זיך אָבזאָגען פֿון דער וועלט. דער בריעף האָט זיך געענדיגט מיט די ווערטער, דאָס באַלד ער וועט נישט תיכּף טהון איינס פֿון די ביידע, וועט ער איהם בעהאַנדלען ווי איין פֿערברעכער (злодѣй).

דעם צעסאַרעוויטש'ס פֿריינד האָבען איהם געראַטהען, ער

זאָל ווייטער נאָכגעבען און איינטרעטען אין קלויסטער; זיי האָבען איהם איינגערעדט, אַז די מאָנאַשעסקע קאַפּוצע ווערט נישט צוגעשלאָגען מיט צוועקעס; אַז עס איז פּאַרהאַן איין עצה זיך אויסצודרעהען נאָכהער, דהיינו, מוסר מודעה צו זיין פאַר אַ גלח, אַז ער ווערט אַ מענך נישט מיט'ן גוטען ווילען, נור וויל מען נויט איהם דאַצו. אין אַקורץ בריוועלע האָט אַלעקסיי טאַקי מודיע געווען דעם פּאָטער, אַז ער איז גרייט צו טהון זיין רצון און צו ווערען אַ מענך.

דערווייל האָבען די מלוכה־ענינים געפאָדערט, אַז פּעטער זאָל אַוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד. פאַר'ן אַוועקפאָהר איז פּעטער געווען ביי אַלעקסיי און איהם אָנגעזאָגט, אַז ער גיט איהם איינינגע מאָנאַטען צום בעדענקען. ווי עס ווייזט אויס, האָט פּעטער געהאַלטען פאַר נויטיג אָבצולעגען די אויספיהרונג פון זיין בע־שלוס, גלייך ער וואָלט מורא האָבען פאַר דעם לעצטען רעזולטאַט, צו וועלכען עס קאָן פיהרען דער דאָזיגער בעשלוס.

דאַמאָלס האָבען אַלעקסיי'ס יועצים איהם געראַטהען צו אנטלויפען קיין אויסלאַנד, וואו ער וועט געפינען שוץ און הילף אין איינעם פון די קעניגליכע הויף. צוגעאיילט אויסצופיהרען דעם בעשלוס האָט פּעטערס אַ בריעף צו אַלעקסיי'ען, אין וועלכען ער האָט איהם געשריבען, אַז ער מוז תיכף איינטרעטען אין קלויסטער אָדער קומען צו איהם קיין אויסלאַנד. אַלעקסיי האָט בעקומען איין אויסרעד, און זאָגענדיג, אַז ער פאָהרט צום פאָטער קיין אויסלאַנד, איז ער אַוועק אין ווין און געפונען שוץ ביי קאַרל דעם VI. דאָרט האָט אַלעקסיי גערעכענט צו בלייבען ביז פּעטער וועט שטאַרבען, און צוריקצוקעהרען קיין רוסלאַנד, ווי נור ער וועט בעקומען די גוטע ידיעה וועגען פּעטער'ס טוידט.

אין רוסלאַנד האָט מען נישט געוואוסט, וואו אַלעקסיי איז פערשוואונדען געוואָרען, און מען איז געוואָרען אומרוהיג וועגען איהם. אַפילו זיינע קרובים און גוטע פריינד, וועלכע זענען נישט געווען איינגעטרויעט אין דער זאַך, האָבען זיך געשראָקען פאַר איין אומגליק און געמאַכט אָנפראַגען ביי דעם עסטרייכישען

פּאָסאָל. פּעטער ווידער האָט געשיקט מענשען — גראַף טאָלסטאָי און רומיאַנצאָוו — אויפזוכען אַלעקסיי'ען אין אויסלאַנד. אַלעקסיי איז זיך דאַן געזעסען רוהיג אין ווין בײַם קייזערליכען הויף צוזאַמען מיט אַ גרויסער סוויטע און מיט זײַן געליבטער יעפראַסיניאַ, וועלכע איז געווען פערקליידעט פאַר אַ פּאַזש. אפילו דער דאָרטיגער רוסישער פּאָסאָל האָט נישט געוואוסט פון איהם. שפּעטער אַביסעל האָט זיך אַלעקסיי געפיהלט נישט גענוג זיכער אין ווין, און איז דאַרום געפאָהרען אין די טיראָלער פעסטונג עהרענבערג, און נאַכהער אין דער פעסטונג סען־עלמאָ בײַ נעאַפּאָל.

די עסטרײַכישע רעגירונג האָט נישט אויסגעזאָגט, וואו אַלעקסיי געפינט זיך, און פעטערס פאָדערונג, אַז מען זאָל איהם אַרויסגעבען אַלעקסיי'ען, האָט זי דוחה געווען מיט פערשידענע תירוצים. פּעטער'ס שליחים זענען אָבער סוף כל סוף געוואָהר געוואָרען, וואו דער אַנטלאָפענער שטעקט, און בעקומען די ערלויבעניש פון דער עסטרײַכישער רעגירונג זיך צו זעהען מיט איהם אין סען־עלמאָ. דאַן האָבען זיך אָנגעהויבען אונטערהאַנדלונגען צווישען פעטער'ס שליחים און אַלעקסיי'ען וועגען זײַן צוריקקומען קיין רוסלאַנד.

עס איז צו בעוואונדערן, ווי דער ענערגישער ווילען פון פּעטער האָט אַלעס גובר געווען און אַרויסגעשלעפּט אַלעקסיי'ען פון זײַן זיכערער בעהעלטעניש, הגם ער האָט געקאָנט דאָרט בלײַבען ווי לאַנג ער וואָלט אַליין וועלען. דער זעלבער אַלעקסיי, וועלכער האָט אויף די קניע געבעטען רחמים, אַז דער קיסר זאָל איהם שיצען פאַר'ן פאָטערס צאָרן און איהם העלפען צוריק בעקומען זײַנע פראַוועס; דערזעלבער אַלעקסיי, וועלכער האָט פון סען־עלמאָ געשריבען בריעף צו פערשידענע הויכגעשטעלטע פערזאָנען אין רוסלאַנד, אַז ער רעכענט אויף זייער הילף, ווען עס וועט קומען די גוטע שעה, ער זאָל קענען צוריקקעהרען קיין רוסלאַנד, — דערזעלבער אַלעקסיי איז דערצייטערט געוואָרען פון טאָלסטאָי'ס רייד, אַז פּעטער וועט איהם אויפזוכען אפילו אין עק וועלט, און בודאי אַליין קומען נאָך איהם, און אײַנגעוויליגט צוריק־

צוקעהרען קיין רוסלאַנד. אַזוי גרויס איז געווען דער פּחד פאַר פּעטער'ן און די זיכערקייט, אַז ער קען אַלעס אויספיהרען וואָס ער וויל.

די עסטרייכישע רעגיערונג איז בדיעבד געווען צופריעדען פון אַלעקסיי'ס הסכמה אָבצופאָהרען קיין רוסלאַנד; זי האָט נישט געוואָלט איינרייסען מיט פּעטער'ן, זעהענדיג וואָס פאַר אַ פּאַרשוין אַלעקסיי איז און מורא האָבענדיג, אַז פּעטער זאָל נישט קומען אָבנעהמען דעם זוהן — מיט הילף פון אַ שטאַרקען חיל.

טאָלסטאָי און רומיאַנצאָוו האָבען אַלעקסיי'ען איבערגעגעבען אַ בריעף פון פּעטער'ן, אין וועלכען ער איז איהם מתרה אין שטרענגע ווערטער, אַז ער זאָל תיכף צוריקקומען קיין רוסלאַנד. אויב ער וועט ערפילען זיין רצון, זאָגט ער איהם צו, מוחל צו זיין אַלעס, און אויב ניט, וועט אויף איהם פאַלען זיין צאָרן און שרעקליכע בעשטראַפונג.

אַלעקסיי האָט מסכים געווען צוריקצוקעהרען און פערלאַנגט נור איין זאַך, אַז מען זאָל איהם ערלויבען חתונה האָבען מיט זיין געליעבטער יעפראָסיניאַ און פיהרען אַ שביל רוהיג לעבען פון אַ פּריוואַט-מענש.

אַלעקסיי האָט, ווי עס זעהט אויס, גערעכענט, אַז, ווי באַלד ער וועט ערפילען דעם פאָטער'ס פאָדערונג, וועט מען איהם לאָזען צורוה און גאָר נישט טהון. ער האָט אָבער געהאַט אַ גרויסען טעות; זיינע פריינד האָבען בעסער געפיהלט די געפאַהר, וועלכע שטעהט איהם און זיי פאָר, און דערוואוסענדיג זיך וועגען אַלעקסיי'ס צוריקקומען, זענען זיי געוואָרען שטאַרק צורודערט.

---

## V

# דער פּראָצעס און פּסק-דין איבער אלעקסיי.

אין 1713-טען יאָהר איז פּעטער צוריקגעקעהרט פון זיין לאַנגער רייזע אין איראָפּאַ, און קומענדיג אַהיים, האָט ער זיך

באַלד גענומען צו דער אַכזָריות'דיגער אַרבייט פון א שופט און אַ תּלין איבער'ן זוהן. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ מורא'דיגער פּראָצעס מיט עִנוּים קָשים, אין וועלכען עס זענען געוואָרען איינ־געטינקט הונדערטער מענשען. פּעטער האָט געוואָלט אויסרייסען מיט'ן וואָרצעל די גאַנצע אָפּאָזיציע (הִתנַגדוּת) קעגען איהם און קעגען די רעפאָרמען, וועלכע ער האָט איינגעפיהרט. רוסלאַנד איז שוין אריינגעטראָטען אין דעם בינדעל פון די אייראָפּעישע מלוכות און געוואָרען אַ גרויסע מאַכט. אינעווענינ אין לאַנד איז שוין געוואָרען אַסאַך איבערגעאַנדערשט און איבערגעאַרבייט אויף'ן נייעם שניט. מיט פיעלע פון זיינע שונאים האָט זיך פּעטער געהאַט אָבגערעכענט און זיי אָבגערוימט פון וועג. עס איז מעהר נישט געבליבען ווי אַלעקסיי מיט זיין פּעקיל לייט, וועלכע זענען איהם געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלדז. און פּעטער האָט בעשלאָסען אַרויסצוטרעטען געגען זיי מיט דערזעלבער אַכזָריות און ענטשלאָסענקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך פערהאַלטען צו זיינע אַנדערע פיינד.

דעם 31־טען יאַנוואַר 1718 איז אַלעקסיי אָנגעקומען אין מאָסקווא. דעם 3־טען פעבּרואַל איז אין קרעמל געווען אַ פייערליכע זיצונג, אויף וועלכער דער צאַרעוויטש איז געקומען אָהן דער שווערד און זיך עפענטליך אָבגעזאָגט פון זיינע רעכטע אַלס נאַסליעדניק. אין דעמזעלבען טאָג איז געוואָרען אַרויס־געגעבען אַ מאַניפעסט, אין וועלכען מען איז מודיע וועגען דעם דאָס פאָלק און עס ווערען אויסגערעכענט אַלע חטאים פון צע־סאַרעוויטש. אַלעקסיי — שטעהט אין מאַניפעסט — האָט פער־דינענט, אַז מען זאָל איהם דן זיין צום טוידט, נור דער קיסר איז איהם מוחל דורך זיין גנאָד און בעפרייט איהם פון יעדער שטראָף. גלייכצייטיג ווערט פּעטער פּעטראָוויטש, יעקאַטערינאַ'ס זוהן, בעשטעטיגט אַלס נאַסליעדניק.

אָבער די מחילה, וואָס איז געגעבען געוואָרען אַלעקסיי'ען, איז געווען מיט אַ תּנאַי, אַז ער זאָל אויסגעבען, ווער עס איז איהם בייהילפיג געווען אין דעם וואָס ער האָט געטהון, און זיך מודה זיין, וואָס ער האָט נאָך בדעה געהאַט צו טהון. אַלעקסיי

האָט באַלד אָנגערופֿען פֿערשיעדענע פּערזאָנען, דאַרונטער זײַן מוהמע מאַריאַ אַלעקסײעוונאַ, קיקין, וויאַזעמסקי און אַנדערע, וועלכע זענען געווען זײַנע הויפּט־יועצים.

פּעטער האָט אַלײן געפֿיהרט די סליעדסטוועַ; ער האָט אַלײן אַרויסגעגעבען בעפֿעהלען וועגען אַרעסטען און אַלײן אויס־געפֿאָרשט די אַרעסטירטע. עס האָט אין איהם געברענט ווי אַ פֿײַער דער חשק צו בעשטראָפֿען פֿאַר יעדעם אונפֿאָרזיכטיגע וואָרט און אַפֿילו פֿאַר יעדען פֿערבאָרגענעם געדאַנק געגען איהם און זײַנע רעפֿאָרמען. מען האָט אַרעסטירט מענשען אָהן אַ צאָהל; דער פּראָצעס איז געוואַקסען אין דער לענג און אין דער ברײַט... יעדע פּײַניגונג, יעדע אויספֿאָרשונג האָט פֿערגרעסערט די צאָהל פֿון די אַרעסטירטע, וואָס זייער גאַנצער חטא איז בעשטאַנען בלויז אין אַ שלעכט וואָרט, אין אַ קרומע מיענע געגען פּעטער'ן. צווישען די בעשולדיגטע איז אויך געווען די פֿערשטויסענע צאַריצאַ אײַדאָקיאַ.

אײַדאָקיאַ איז אַריבערגעפֿיהרט געוואָרען אין סטאַראָ־לאַדאָזסקי קלויסטער. מאַריאַ אַלעקסעיעוונאַ איז געוואָרען אַרײַנגעזעצט אין שליסעלבורגער פֿעסטונג אויף אַ לענגערע צײַט. דעם 15־טען און 17־טען מאַרט זענען געוואָרען געמאַטערט און נאָכהער אומגעבראַכט אַ טהייל פֿון די הויפּט־בעשולדיגטע.

עס איז נאָך געבליבען זיך אָבצופֿאַרטיגען מיט'ן צעסאַ־רעוויטש. דאָס איז געשעהען אין פּעטערבורג, וואוהין מען האָט אַריבערגעפֿיהרט איהם און די איבערגעבליבענע בעשולדיגטע. בעת אַלע בעשולדיגטע זענען געזעסען אין שליסעלבורגער פֿעסטונג און געליטען דאָרט די גרעסטע ענויים, איז אַלעקסײ אַלײן נאָך אַרומגעגאַנגען פֿרײַ.

הגם אַלע אויספֿאָרשונגען און פּײַניגונגען האָבען נישט געגעבען די מינדעסטע בעווײַזע, אַז אַלעקסײ זאָל האָבען פֿאָר־גענומען עפּעס שלעכטעס געגען פֿאָטער אָדער ברעה געהאַט פֿאָרצונעהמען אַזאָלכעס אין אַ שפּעטערער צײַט, פֿונדעסטוועגען האָט פּעטער אַלײן אַרויסגעשטעלט געגען איהם די בעשולדיגונג: „אַז אַלעקסײ האָט געוואָלט בעקומען די הערשאַפֿט מיט הילף

פון איין אויסלענדישע מאכט אדער פון בונטאגושציקעס נאך פאר׳ן פאטערס לעבען". יעפראָסיניא האָט געזאָגט אויף׳ן פערהער, אז אלעקסיי האָט געהאט בדעה, באלד ווי ער וועט ווערען קיסר, צו פערניכטען דעם פלאָט, צו פערקלענערן די ארמעע און צו פיהרען א שטיל רוהיג לעבען. דאָס איז נאטירליך געווען אין פעטערס אויגען דאָס גרעסטע און שווערסטע פער־ברעכען פון אלעקסיי.

דעם 6־טען יוני איז צונויפגערופען געוואָרען א פערזאמלונג פון 20 גרויסע גלחים און 124 שטאאטסבעאמטע. די גייסטליכע האָבען געדארפט ארויסזאָגען זייער מיינונג וועגען דעם פאל אויף׳ן גרונד פון דער היילינגער שריפט; די שטאאטסבעאמטע ווידער האָבען געדארפט משפט׳ן דעם זוהן פון זייער קייזער. די גייסטליכע האָבען צוזאמענגעקליבען א רייהע פסוקים, וועלכע פאסען מעהר אדער ווייניגער. אויף דעם פאל; האָבען אָבער בעשלאָסען, אז דער משפט איבער׳ן צעסאראוויטש געהערט ניש צו זיי, נור צו דער וועלטליכער מאכט, וועלכער דארף ארויס־זאָגען איהר פסק־דין.

צוליעב דעם וואָס דער משפט איז אין גאנצען איבערגע־געבען געוואָרען דער וועלטליכער מאכט, האָט אלעקסיי געמוזט אויף דאָס נייע אויסגעפאָרשט ווערען. זיינע אויסזאָגען האָבען נישט געבראכט קיין שום נייעס און דארום האָט מען אלעקסיי׳ען אוועקגעפיהרט אין פעטראפאוולער פעסטונג, וואו מען האָט איהם געגעבען 25 שמיץ מיט א פייטשע. נאך דער פייניגונג האָט ער מודה געווען, אז ער האָט אמאָל געזאָגט זיין גלח איגנאטיעוו, אז ער וואונשט דעם צאר דעם טוידט.

דעם 22־טען יוני האָט פעטער פערלאנגט פון אלעקסיי׳ען, אז ער זאָל שריפטליך ערקלערען די סבות, פאר וואָס ער איז געווען כנגד דעם פאָטער. אלעקסיי האָט אנגעוויזען אין זיין ערקלערונג אויף די שלעכטע ערציהונג, וועלכע ער האָט בעקו־מען, און דאביי דערצעהלט די מעשה, ווי ער האָט זיך בכיוון פערוואונדעט די האנד, כדי פטור צו ווערן פון צייכנונג־עקזאמען. חוץ דעם האָט ער מודה געווען, אז ער וואָלט געהאט גערן אנ־

געקומען מיליטערישע הילף פֿון עסטרײַכישען קייזער, כדי צו קומען אויף׳ן טראָהן.

דעם 24-טען יוני האָט מען אַלעקסייע׳ען ווידער געמאַטערט און געגעבען 15 שמיץ. אונטער די שמיץ האָט ער ווײַטער „מודה געווען", אַז ער האָט געשריבען אַ בריעף דעם קיעווער מיטראָ-פּאָליט, אַז ער זאָל אַרבײַטען לטובתו צווישען פֿאָלק אין מאַלאָראָסיאַ.

דעם 25-טען יוני האָט דאָס געריכט פֿון 127 פּערזאָן פֿער-אורטיילט אַלעקסייע׳ען צום טוידט. אויף דעם אַנדערען טאָג האָט מען דעם צעסאַרעוויטש אויסגעזאָגט דעם פּסק-דין אין סענאַט ביי אָפּענע טהירען.

וועגען די פּרטים פֿון אַלעקסיי׳ס טוידט איז נישטאָ קיין ריכטיגע ידיעות. אייניגע דערצעהלען, אַז פֿון שרעק און אויפֿ-רעגונג האָט ער בעקומען אַפּאָפּלעקסיע און דאַפֿון געשטאָרבען. אַנדערע ווידער שרײַבען, אַז נאָך׳ן פּסק-דין האָט מען איהם ווידער געמאַטערט און דאַפֿון איז ער געשטאָרבען. און באמת איז אין יענער צײַט אָפֿט פֿאָרגעקומען, דאָס מען איז געשטאָרבען אונטער דער פּײַטשע פֿון תּליָן, דען יעדער שמיץ איז געווען אַ טעדטליכער. אָפּיציעל האָט מען מודיע געווען, אַז דער צעסאַרעוויטש, אויסהערענדיג דעם פּסק-דין, האָט בעקומען אַפּאָפּלעקסיע און ווערענדיג שלום מיט׳ן פֿאָטער איז ער גע-שטאָרבען.

